# אִיטְשֶׁע מֵאִיר צוּ דִי וַואהְלֶען

אַ בִּילְד פוּן דִי וַואהְלֶען אִין גָאסוּד, דוּמֶא אִין וַוארְשַׁא.



אדער
די יום-טוב-דיגע מנחה

פרייז 6 קאָפּ.





1907 ווארשא



פון
דרעוויטש

דישע
ד-ביבליאָטעק
№

# איטשע מאיר צו די וואהלען

א בילד פון די וואהלען אין גאסוד. דומא איןווארשא.

פון

מ. ד. ווידרעוויטש.



ИЦЕ МЕЙЕРЪ КЪ ВЫБОРАМЪ

Жизненая картина въ 1-мъ дѣйствіи.

соч. **М. Д. ВИДРЕВИЧА**

*Варшава 1907.*

Тип. Н. Старовольскаго, Гусья 18.

## די פּערזאָנען:

**איטשע־מאיר גאָלדמאַן:** אַ ליחוויאַרזש, אַ בע־וואוסטער עשיר, אַ גערער חסיד

**חיה׳לע:** זיין ווייב

**משה׳ל:** זייער זוהן, אַ פועל־ציוניסט

**פּאַן נוסענבוים:** אַ פּערמיטלער אין געלד זאַכען, אַ היימישער מענש ביי איטשע־מאיר גאָלדמאַן אין הויז

**דבורה:** אַ קעכין

**מאַריע:** אַ גובערנאַנטען אין הויז.

---

געדרוקט אין „וועג" אונטער דעם נאָמען „די יום טוב׳דיגע מנחה", נאָכדעם פּערבעסערט און פערגרעסערט פון דעם מחבר פאַר דער יודישער בּיהנע.

געשפּיעלט אין טהעאַטער „שזאַרדען ד׳היווער" מיט גרויס ערפאָלג.

נאָך ערלויבנים צו שפּיעלען אין טעאַטער אויך ליעב־האָבער, ווענדען זיך צו דעם מחבר אויף פאָלגענדען אַדרעס:

**וואַרשא, פּאַוויא 12 וואָהנונג 26 מ ווידרעוויטש.**

---

די סצענע קומט פאָר ביי איטשע־מאיר'ן אין עס־צימער. א גרויס פערפוצט צימער. אין מיטען שטעהט א גרויסער טיש, אונ שטוהלען; איןביידע ווינקלען צוויי טיהרען, אין הינטער־גרונד א טיהר פערהאַנגען מיט א פּאָרטיער, לינקס, נעבען דער מיטעלסטער טיהר, א ספרים־שאַנק, פערהאַנגען אינוועניג מיט גרינע פאָרהאָנגלעך, רעכטס, א קליינע זאָפקע, אין מיטען וואַנד רעכטס א גרויסער שפיעגעל, איבער איהם א גרויסער פעכער, אויפ'ן שפיעגעל־טישעל צוויי זילבערנע לייכטער, מיט צוויי רויטע ליכט אונ א גרויסער אַלבאָם, פון ביידע זייטען שפיעגעל צוויי גרויסע אויסגענייטע בילדער, אויף דער אַנטקעגענדיגע וואַנד א גרויס בילד פון א גוטען יודען, אונטער'ן בילד א פוילישער קאַלענדאר, אונ אונטער איהם א זילבערנער חנוכה־לעמפעל, פון ביידע זייטען פענסטער מיט גאַרדינען.

איטשע־מאיר זיצט אויבען'אָן אין א שטובינער לאַנגער קאַפּאָטע, אויפ'ן קאָפּ א שפיציג סאמעטענע קאפעל, פער־שאַרט אָפּט די אַרבעל פון קאַפּאָטע. אונ עסט מיט גרויס אימפעט, א פּאָלקע פון א געבראָטענע גאַנז, חיה'לע זיצט אנטקעגען איטשע־מאיר'ן, אונ איז שטאַרק בעשעפטיגט מיט'ן טהיילען, מאַריע זיצט נעבען חיה'לען עסט געלאַסען, פאַן נוסענבוים זיצט אָן דער זייט, פערטיעפט שטאַרק אין א צייטונג, ווארפט אָפּטע בליקען בגנבה, א מאָל אויף חיה'לע אונ א מאָל אויף מאַריע'ן.

**איטשע־מאיר:** (ניט אויפהויבענדיג די אויגען פון טעלער) וואו זענען עס די קינדער?

**חיה'לע:** איך האָב געבעטען דער פרײלײן אז זי זאָל זײ פריהער

געבען צו עסען, זיי זאלען קענען פריהער שפאציערען, עס איז
היינט א זעלטען וועטער (עס הערען זיך פון דער צווייטער שטוב גע-
שרייען פון שפילענדע קינדער).

**איטשע-מאיר:** טא פאר וואס שפאציערען זיי נישט? וואס מאכען
זיי אזעלכע געשרייען?

**חיה'לע:** די פריילין דארף דאך אויך מיטאגען.

(אויפטריט משה'ל שטארק אויפגערעגט, ווארפט בייזע בליקען אויפ'ן
פאטער און אויף נוסענבוים געהט איבער'ן שטוב מיט שנעלע טריט).

**איטשע-מאיר:** (רוקט אוועק דעם טעלער מיט א גרויסען זיפץ, ווי נאך
א שווערער ארבייט, לעקט אב די פינגער ווישט זיי מיט א ווייס טישטע-
כעל, גיסט אן א גלאז ביער, פאר זיך, די צווייטע גלאז פאר נוסענבוים,
קלאפט זיין גלאז אן דער צווייטער שוויגענדיגערהייט, טרינקט, גיט א קעהר
שנעל מיט'ן קאפ צו משה'לס זייט וואו ער געהט אום, שרייט מיט א גראבער
מושל'דיגער שטים): משה'ל! דו ביזט שוין דא?!

**משה'ל:** (מיט א פערדרוסליכער שטימע). איך בין דא!..

**איטשע-מאיר:** (קוקט א ווייל'ע אויף דעם אומגעהונדען משה'לען גלעט
די באָרד מיט ביידע הענד, לאכט). חא-חא-חא! וואס איז ביי דיר
היינט פאר א תענית-צדיקים, קדיש מיינער? פאר וואס עסט דו
נישט קיין מיטאג? אלץ די וואהלען! חא-חא-חא! א פערזארגער
גאר פאר'ן כלל-ישראל... נישטא, ווער עס זאל לאכען
בנאמנות. חא-חא-חא!...

**משה'ל:** (בלייבט שטעהן און רעדט איינגעהאלטען) טאטע! טאטעשי! די
עהרע פון מיין אונגליקליך פאלק צווינגט מיר אם-ענדע
זאגען דיר מיט דרייסט, אז איך... (רעדט וואס א מאל העכער און
דרייסטער, פערגעסענדיג זיך צום סוף גאר אינגאנצען), אז איך ערלויב
דיר נישט צו רעדען מיט אזא טאן, און לאכען פון מיר אין אזא
מאמענט, ווען ביי מיר גיסט זיך בלוט פון מיינע אויגען. ווען
מיין יודישעס פיהלענדעס הארץ ציטערט פון וואוטה און צארען,
ווען מיין פאלק האלט ביי איבערלעבען א שרעקליכער חרפה,
א גרויזאמע שאנדע! ביי מיר גיסט זיך בלוט, און דו לאכסט!..
דיר ארט נישט די שאנדע, אז די גרעסטע יודישע קהלה וועט
קיין איין יודען ניט געבען אין דומא... דיך פרעהט עס...

(איטשע=מאיר קוקט אויף נוסענבוים און לאזט מיט איהם צוזאמען),

**משה׳ל:** (ווארפט א בעזען קוק אויף נוסענבוים שרייט צו איהם) אראב די מאסקע! אראב! זאלען לייט וויסען, זאל די גאנצע וועלט וויסען, ווער פוילישע יודען זענען... זאלען אלע וויסען אז 70 פראצענט פוילישע יודען זענען פוילישע נאציאנאליסטען!.. א בלוטיגער געלעכטער! די אסימילאטארען, וועלכע שטעהען ביי דער טהיר פון שמד... און די עולם=הבא=יודען... האבען געמאכט יד=אחת צו פערפאלגען די ברידער זייערע, וועלכע ווילען אויפלעבען דאס פערשלאפען אומגליקליך פאלק זייערס... יא! יא! (זעצט זיך נעבען פענסטער, קוקט אין א ביכעל).

**איטשע=מאיר:** (פערלעגט ביידע הענד אין ביידע ברייטע ארבעל, רעדט פעסטע ווערטער): זאג מיר נאר מיין תנא=ברא, דאס האסטו אלץ געגאשט פון דיינע מיטינגען? דו ביזט דאך באמת א פארטיגער דרשן, אבי איך קלאג זיך, אז מיין קינד געהט ניט בדרך הישר. (העכערט זיין שטימע מיט כ״ס) נאר מוסר, בעט איך דיך, ניט זאגען מיר, זאג מוסר, דער מאמעשי דיינער, וועלכער איך האב צו דאנקען פאר דיין עזות און הפקרות. (ווארפט א בייזען קוק אויף חיה׳לען) דיין שמילדונג האט איהם געמאכט פאר אזא פילאזאף, דיינע ליטווישע לעהרערס מיט זייער תורה... חא=חא=חא! יונגלעך, דרדקי=קינדער, ווילען גאר ווערען וועלט פערזארגער. (זיפצט) יאהרען, יאהרען, יאהרען...

**חיה׳לע:** (צו משה) נו קום שוין בעסער אהער, געה עסען! וואס טויג דיר דאס אלעס.. קום... קום...

**משה׳ל:** לאז מיך, איך וועל איצט נישט עסען... ס׳געהט מיר נישט אין האלז אריין...

**איטשע=מאיר:** לאז איהם! ער דארף גאר נישט, גיב איהם נאר א יודישען רעפוטאט אין די דומא איז ער דיר שוין מוחל אפילו א געבראטענס... (איבעריט דבורה מיט א וואזע קאמפאט, בלייבט שטעהן שאקלענדיג מיט׳ן קאפ אויף משה׳לען זיפצט) וועה איז מיר ווי דאס קינד זעהט אויס! ניחאי וואלט די דומא ברעכען הענד און פיס עהדער זי איז גאר בעשאפען געווארען... וואס דומא? ווען דומא? וואו דומא?

אוּן אוֹיב יאָ, וואָס געהערט עס זײַ אַלעמען אָן? בעסער ערגער, אוֹי נאַרישע מענשען!.. אַ סך קען טאַקי איין מענש דעם צוויי־טען טהון. איך ווייס נאָר דאָס אַלטע ווערטעל, אַז גאָט וועט ניט וועלען, וועלען הינד און חזירים ניט צוריַיסען... אָבער ווי דאָס איז, פערשטעה איך ניט מיט מיַין ווייבערישען שכל, וואָס לוינט צוּ קריגען זיך איבער דעם... פוּן עטליכע טעג, אַן דאָס קינד עסט ניט, שלאָפט ניט, אַ האַלבער געוואָרען, קריגג און געשרייען ביַי יעדען עסען! משה'לע טהוּ עס מיר מיַין קינד, געה עסען, משה'לע!..

**משה'ל:** (ווייך) איך בעט אייך לאָזט מיך צוּרוּה.

**דבורה:** (מיט טרעהרען אין דער שטימע) נוּ אַ דוּמא! שונאי־ציון, נוּ, נוּ!

**חיה'לע:** (ווענדעט זיך צוּ מאַרי'ען) זייט אַזוֹי גוּט פרייליין, און גיט זיי קאָמפּאָט, מיר טהוּט דער קאָפּ וועה, איך מוּז זיך צוּלעגען.

(געהט אָב רעכטס צוּ זיך אין ציכער, מאַריע דערלאַנגט קאָמפּאָט איטשע־מאיר'ן, איטשע־מאיר האָט מיט האַפעניש איינגעשלונגען דעם קאָמפּאָט און פערשטעלענדיג דאָס פּנים מיט ביידע הענד, נעמט ער בענישען שטיל און געשווינד, דער פאַר זעהר ערנסט).

**דבורה:** (קלויבט דערווייל צוּנויף דאָס געשיר פון טיש, קוּקט אוֹיף איטשע מאיר'ן מיט כעס, קלאַפּט מיט צאָרן די גאָפּעל מיט די לעפעל), וואָס זאָגט איהר פאָרט דער צוּ?.. אַז עס איז ניטאָ קיין אַנדערע דאגה, איז דאָס אוֹיך אַ דאגה... אַז גאָט גיט ניט דאגות, זוכט מען זיי אַליין... אַזאַ גליקליך הויז אָהן עין־הרע! תּורה מיט מעשים טוֹבים אין איינעם, ווי די גמרא זאָגט, מישט זיך אַריַין, אַ שטן, רחמנא לצלן, און צושטערט די מנוחה. פאַר וואָס מישט איהר זיך ניט אַריַין פרייליין? אייך וואָלט ער דאָך משה'לע, פאָלגען, איהר פערשטעהט דאָך וואָס צוּ ריידען, איהר זענט דאָך אַזוֹי געלערנט... גיעט איהם צוּפערשטעהן אַז עס איז חוּץ אַלעמען היינט גלאַט געפעהרליך מישען זיך אין זאַכען... פערדיענט פרייליין אַ לעבענדיגע מצוה, מישט זיך אַריַין...

**מאַריע:** גוּטע דבורה, וואָס קאָנען מיר ביידע דאָ העלפען? ניט איהר מיט אייער גוּטסקייט, און ניט איך מיט מיַין לעהרע, זענען אימשטאַנד צוּ בערוּהיגען דאָס צושטערטע לעבען פון דעם הויז...

דער פֿאָטער וויל מיט די קראַפֿט פֿון זײַן פֿאָטער=רעכֿט, זײַן אַ הערשער אויף זײַן קינד, און דאָס קינד וויל זײַן אַ מענש ווי ער זעלבסט פֿערשטעהט, ניט איך דבורה, און ניט איהר זענען מיר אימשטאַנד צוזאַמענשטעלען אַזאַ צוואָרפֿענעם בנין...

דבורה: (ערשטוינט) איהר גלייבט זיך צו מיר, פֿריילײַן סיידען איהר לאַכט פֿון מיר?.. גאָט איז מיט אײַך! איך אַ נאַרישע אײַנפאַכע יודענע, אַ דינענסט, און איהר אַ געלערנטע, אַ געענדיגטע די קלאַסען...

מאַריע: (מיט אַ זיפֿץ) אַלץ אײַנס גוטע דבורה אַלץ אײַנס! מיר זענען ביידע אָרעם, מיר זענען ביידע גלײַך! מיר קאָנען ביידע, ניט זיך העלפֿען, און ניט דעם צווייטען, אַלץ אײַנס גוטע פֿרוי אַלץ אײַנס...

איטשע=מאיר: (ענדיגט דאָס בענשען מיט אַן׳אויסגעשריי) ד׳ עוֹז לְעַמּוֹ יִתֵּן ד׳ יְבָרֵךְ אֶת עַמּוֹ בַשָּׁלוֹם... (צו נוסענבוים אויפֿשטעהענדיג) קומט פֿאַניע נוסענבוים צו מיר אַרײַן.

נוסענבוים: קוים זיך דערוואַרט... (זיי געהען ביידע אַוועק לינקס).

דבורה: (שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ צו מאַריע) עה, דאָס איז נישט אַלץ אײַנס... וואָס, איך זעה דען נישט?.. ס׳איז גאָר עפּעס אַנדערש... גאָר... (געהט אָב מיט׳ן געשיר אין די הענד. מאַריע שטעלט זיך אויף און וויל אַוועק געהן צו זיך אין צימער).

משה׳ל: (אויפֿגערעגט) פֿריילײַן מאַרי! פֿריילײַן מאַרי! אײַך אַרט דאָס גאָר נישט? איך מיין, אײַך רעגט דאָס גאָר נישט אויף?

מאַריע: איך? וואָס זאָגען זיי!.. וואָס קען איך דאָ העלפֿען? וואָס בעדאַרף איך דאָ?.. איך זעה דאָס אַלץ פּונקט ווי איהר... אָבער וואָס קען איך העלפֿען?..

משה׳ל: (געהט מיט האַסטיגע טריט איבער דער שטוב) געשעפֿטלעך, וועקסלעך, טערמינעלעך, פּעטינקע רוחים׳לעך ליגט זיי יעצט אין קאָפּ! די גאַנצע שטאָדט קאָכט רודערט, און אַ איטשע=מאיר גאָלדמאַן אַן׳אָנגעשטאָפּטער זאַק מיט געלד, זיצט זיך רוהיג, אַן׳אָנגעגעסענער אַן׳אָנגעטרונקענער... און איז מיט לײַב און זעלע אַרײַנגעטהון אין זיינע כשר׳ע עסקים׳לעך ווי אַלע טאָג פֿון אַ גאַנץ יאָהר... די גאַנצע שטאָדט בעוועגט זיך די יוגענד

ציִטערט׳ ברענט פֿון האַס און צאָרן פֿון די בעטריגונג, וואָס זיי
זעהען פֿאַר... אַנדערע בעוועגען זיך מיט מוטה האָפֿענדיג גלויי=
בענדיג אין אַ גוטע צוקונפֿט, אין אַ וואַרעמען ליכטיגען שיין אין
דעם יודישען קאַלטען, פֿינסטערען, גרויזאַמען וועלטעל... און
איטשע=מאיר גאָלדמאַן, איט=שע מ=איר גאָלד=מאַן! איז אין אַזאַ
יום=הדין געלאַסען רוהיג אַוועק אויף איניגע מינוטען מיט אַ פּאַן
נוסענבוים אין וואַהל בּוראָ געבען זייערע שטימען אויף אויסקלויי=
בען פּוילישע נאַראָדאָווצעס, זיי זאָלען זיין די בעשיצער פֿאַר די
יודישע אינטערעסען אין דער דומא... חאַ=חאַ=חאַ! אַ גלייכע
פּאַר, איטשע=מאיר גאָלדמאַן אַ מפֿורסם׳דיגער גערער חסיד׳
אַ כשר׳ער פֿרומער יוד, האָט די זעלבע פֿאָלקס=שטרעבונג וואָס
פּאַן נוסענבוים, וועלכער איז ווייט פֿון יודען, פֿון יודישקייט,
הונדערטער מייל... וועלכער קלאָגט אייביג אויף גלות=אַסימי=
לאַציע... (נאָך אַ קליינע פּויזע לאָזט ער זיך געשווינד צום טהיר). וואָס
שטעה איך! געוויס איז שוין דאָ די אַבענד=אויסגאַבע מיט דעם
ביטערען רעזולטאַט... און אפֿשר?..

**מאַריע:** (געהט איהם שנעל אַנטקעגען) משה! ניט געהט יעצט ערגעץ.
איהר זייט אויפֿגערעגט, מיין שולד איז פֿערהיטען אייך פֿון
לייכטזיניגקייט. ניט געהט יעצט, משה! בערוהיגט אייך, מאַכט
קיינע פֿעהלערען איבער אייער אויפֿרעגונג, אייך פֿערדריסט דאָך
נאָכהער יעדער ניט בערעכענטער טריט אייערער... ערשט היינט
האָט איהר בעדויערט וואָס איהר האָט נעכטען בעליידיגט אייער
אָנקעל אויף די גאַס... עס לוינט ניט צוליעב די וואַהלען, קריע=
גען זיך מיט דער גאַנצער וועלט, און איבערהויפּט מיט אייער
אייגענעם פֿאָטער, וועלכען איהר זענט דאָך געהאָרזאַמקייט שולדיג.
נישט פֿון אייך האָט ער געדאַרפֿט הערען אַזעלכע ווערטער וואָס
איהר האָט איהם היינט געזאָגט, נישט פֿון אייך...

**משה׳ל:** פֿריילין! וואו זאָל איך זיין? וואוהין זאָל איך זיך אַהינ=
טהון אום איך זאָל קיינע פֿעהלערען מאַכען? מיין גאַנץ לעבען
פֿריילין, איז איין פֿעהלער... איך האָב קיין אָרט! דאָ אין דעם
שעהנעם רוהיגען צימער איז פֿאַר מיר קיין רוה, דאָס דאָזיגע
הויז פֿון לעבען, וואָס פֿיעלע מענשען זענען מקנא, איז פֿאַר מיר

אַ הויז פֿון טוידט... דאָ ווערט געטייִדט מיין קערפּער, און נאָך מעהר מיין זעעלע... פֿריילייִן! ווען ניט איהר און די גוטע דבורה וואָלט איך שוין דאָ לאַנג ניט זיין... כל=זמן מיין פֿאָטער האָט זיך גענומען דאָס אַלטע יודישע רעכט, הערשען אויף מיין קערפּער און זעעלע נאָך זיין פֿערלאַנג, נאָך זיין וואונש, האָב איך געליטען און געשוויגען, מיין נשמה האָט געליטען די גרעסטע ענוים, די גרעסטע יסורים האָב איך אַריבערגעטראָגען אום ניט אָנצוריהרען זיין עהרע, אָבער ווען עס איז דערגאַנגען ביז דער שטופּע, אַז ער ערלויבט זיך, אָהן אַ שום חשבון, שפּיעלען מיט מיין נשמה, צוזאַמען מיט דער נשמה פֿון גאַנצען פֿאָלק ווי מיט אַ שפּיעלצייג, איז מיר אַ וואונדער פֿריילייִן וואָס איהר בעשולדיגט מיך, דאָס איך בין אַזוי אויפגערעגט, און איך בין מיט עזות אַרויס אַנטקעגען מיין פֿאָטער. מיינע נערווען פֿריילייִן זענען ניט פֿון שטאָל, און מיין געדולד איז ניט פֿון אייזען.

**מאַריע:** איך האָב אייך נאָך קיין מאָהל נישט געזעהען אַזוי אויפגערעגט ווי היינט איבערהויפּט איז דאָס פֿאַר מיר אונפֿערשטענדליך דערפֿאַר, ווייל—ווי עס איז מיר בעוואוסט, האָט דאָך אייער פּאַרטיי בעשלאָסען פֿאָלקאָמען צו באָיקאָטירען די וואַהלען, וואָס אַלזאָ קאָן אייך איצט קימערען וואָס עס געהט פֿאָר?

**משה׳ל:** אָך פֿריילייִן, איהר זאָלט עס פֿרעגען!.. איהר האָט אַ אירטהום, אויב איהר דענקט אַזוי, ניט די דומאַ, ניט די וואַהלען קימערען מיך, עס טהוט מיר נאָר לייד די מעשים פֿון מיין פֿאָטער, און די מעשים פֿון נאָך אַזעלכע טויזענדער יודען, מיר טהוט וועה וואָס עס קומט היינט פֿאָר אין דעם יודישען וועלטעל... פֿריילייִן! מיר זענען אָפּט ניט איינשטימיג אין נאַציאָנאַלע מיינונגען וואָס אָנבעלאַנגט דאָס יודישע פֿאָלק, אָבער דאָס מוזט איהר דאָך אנערקענען, אַז מיר ציוניסטען ווילען שאַפֿען אַ לעבען, דעם צופּוילטען קערפּער, און געשטאָרבענער נשמה פֿון אונזער אונגליקליך פֿאָלק, ווען מיין פֿאָטער מיט נאָך זאָלכע, וועלכע ריהרען זיך ניט פֿון אָרט, אין קיין לעבעדיגע בעוועגונג, בעווייזען זיך פּלוצלונג. נאָר כדי צו צושטערען און פֿערניכטען דאָס, וואָס מיר ווילען בויען, בעשאַפֿען! די פֿער=

שלאָפֿענע פֿינסטערע נפשות, חאַפּען זיך אויף כּדי צו פֿער־שטאַרקען דעם פֿילען בנין, כּדי צו פֿערפֿינסטערען דעם געדיכּ־טען חושך, צו פֿערהיטען דעם גראָבען שימעל, וועלכער איז אָנ־געוואַקסען אין אונזער גלות וועלטעל פֿון דרויסען און אינוועניג. ענטשולדיגט פֿרייליין! מיין יודישע נשמה קענט איהר ניט פֿער־שטעהן און פֿיהלען, אַדיע! איך מוז געהן, אַדיע! (געהט שנעל אַב).

**מאריע:** (פֿערטראַכט זיך) יאָ! צוויי בעזונדערע וועלטען, אין וועלכע איך געפֿין זיך שוין באַלד צוויי יאָהר, און כּמעט זענען זיי ביידע וויט פֿון מיר (געהט אוועק אין קינדער־צימער לינקס, עס הערט זיך פֿון איטשע־מאירים צימער אַ געשפּרעך, עס קומען גלייך אַריין איטשע־מאיר און נוסענבוים, פֿיהרענדיג צווישען זיך אַהייסען שמועס).

**נוסענבוים:** איך צווינג אייך דען? מיר דאַכט זיך גאָר אַז איהר דאַרפֿט מיר דאָ אַליין אַנערקענען, אַז אין די פֿיעלע יאָהרען, צייט אונזערע געשעפֿטליכע פֿריינדשאַפֿט איז געשלאָסען, האָב איך אייך קיינמאָל קיין פֿערדרוס נישט פֿערשאַפֿען, איהר מעגט זיך ווינשען ביז אייער לעבען קיין ערגערע קונדען נישט צו האָבען אַלס מיינע, און וואָס עפּעס פּונקט דאָס מאָל, ווען די זאַך איז אַזאַ וויכטיגע אין אַלע הינזיכטען, צווייפֿעלט איהר און איך הער פֿון אייך קיינע קלאָרע דבורים. (פֿערדרויכערט אַ ציגאַר, געהט אום און זעצט זיך אוועק לעבען איטשע־מאיר'ן).

**איטשע־מאיר:** זייט זשע מוחל, איהר האָט מיך ניט פֿערשטאַנען צווייפֿעל איך דען אין אייער רעעלקייט? חלילה! איך האָב נאָר געזאָגט, אַז איך וועל די זאַך גוט בעקלערען, און וועל אייך מאָרגען געבען אַנ'אַנטוואָרט.

**נוסענבוים:** (אויפגערעגט) אָט דאָס איז די זאַך פֿאַניע גאָדמאַן, וואָס דאָס אָבלעגען אויף מאָרגען איז אינגאַנצען איבריג! (קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטען רעדט שטיל) דאָ איז דאָך קיינער ניטאָ, קאָנען מיר דאָך די זאַך בעטראַכטען רוהיג, שטעלט זיך פֿאָר די לאַגע: אמת, ווי מיר ווייסען, וועט'ען אָהן צווייפֿעל ביידע אויסגעקייבענע וואַרשעווער דעפּוטאַטען אין דומע, מיט גאָטס הילף זיין נאַראָדאָוצעס, און דאַמאָלס קאָנען מיר רוהיג שלאָ־פֿען... אָבער טאָמער, איך וויל דאָס ניט אויסרעדען פֿון מיין

מויל, וועלען פָּארט אָט די לִיטוואקעס די פְּרעמדע שלעפּער מנצח זיין, איז דאמאָלס אויסער די שאַנדע פַּאר אונזערע פּאָ= ליאַקען... שטעהט דאָך פָּאר אַ פּאָגראָם=שרעק אָהן צווייפעל... אִיהר ווייסט דאָס שוין פון די פּראָקלאַמאַציעס וואָס די נאַראָדאָוו= צעס האָבען אַרויסגעגעבּ׳ן... אִיז דאָך אִין אַזאַ מאָמענט פּראָסט אַ גליק מאַכען אַזאַ געשעפט! אַ קלייניגקייט, האָבען אַ בעקאַנט= שאַפט מִיט אַ פּאָלקאָווניק! עפּעס מאַכט זִיך, שטעהען שוין עטליכע צעהנדיגע קאָזאַקען נעבען פאַן גאָלדמאַנ׳ס הויז... די גאַנצע שטאָדט קאָן זִיך איבּערקער׳ווען... און אִיהר זִיצט זִיך רוהיג... אַזעלכע זאַכען האָט שוין פּאַקטיש געטראָפען אִין פִּיעל פּאַגראָם=שטעדט... און אויסער דעם אִיז דער פּראָצענט אַנ׳אמת׳ער אַ גוטער, אַ גוי יש׳ער, נִיט קיין יודישער, וואָס צאַפּעלט זִיך איבּער אַ גראָשען... און אַזאַ בּעוואָרעניש! אַ קלייניגקייט, דאָס הויז אִיז אַ מציאָה 50 טויזענד רובּל, דעם רעכנונג וואָס עס קומט אויף די היפּאָטהעק האָבּ אִיך אייך דאָך געוויזען טשאַרנע נאַ בּיאַלע, קאָנט אִיהר דאָך גאַנץ רוהיג געבּען צעהן טויזענד קאַרבּאָנצעס. עס אִיז אַפִּילו אַ געלעכטער נאָך קלערען וועגען דעם, אִיהר דאַרפט זעלבּסט פערשטעהן, אַז מִיט אַזאַ רעלען קונד האָבּ אִיך אַ קליינעם זאָרג, ווען אִיך זאָל פּאָרלעגען וועט זִיך יעדער אָנחאַפּען מִיט בּיידע הענד נאָר מיין פריינדשאַפט צו אייך האָט מִיך געבּראַכט אַהער... און אִיהר לעגט דאָס נאָר אָבּ אויף מאָרגען, צום בּעדויערען קאָן עס נִיט אָבּגעלעגט ווערען אִיך האָבּ אִיהם צוגעזאָגט היינט אָווענד בּרענגען פון אייך אַ קלאָרע תשובה.

**איטשע=מאיר:** (חאַפּט זיך) אִיהר האָט אִיהם שוין געזאָגט אַז אִיהר געהט רעדען מִיט מִיר וועגען דעם?!

**נוסענבוים:** געוויס! ווייל בּיי אַזאַ גוט געשעפט, וועלכעס עס לעגט זִיך מִיר גלייך אויפ׳ן זִינען, ווענען ווען וועל אִיך טראַכטען, אַז נִיט וועגען אייך?

**איטשע=מאיר:** (קלערט א ווײלע) נו, זאָל שוין זיין! די זאַך אִיז בּעשלאָסען.

**נוסענבוים:** (שפּאָטיש) זאָל זיין מִיט גליק... קוים זִיך געלאָזט

איבּערערעֶן . . . אַי, שעֶמט זיִך חאָטש פֿאַניעֶ גאָלדמאַן . . .

**איטשע־מאיר:** זעֶט נאָר דאָס בּעֶוואָרעֶניִש צוּמאַכעֶן וואָס פֿעֶסטעֶר, (שטאַמעלט) אוּן אפֿשר איִז מעֶגליִך נאָך איינס פּראָצעֶנט אַרויפֿצוּהעֶן ?..

**נוּסענבּוֹים:** נוּ, דאָס איִז ניִט פֿוּן דיִ גרוֹיסעֶ זאַכעֶן, יאָ אָדעֶר ניִט, דאָס איִז א קלייניגקייט, דעֶר קוּנד איז מיִט'ן פֿוּלעֶן מויל א גאָלדעֶנעֶר, העֶלף מיִר גאָט עֶפּטעֶר אַזעֶלכעֶ צוּ האָבּעֶן, (שטרעקט אוֹיס די האַנד אוֹיף אָבשייד נעהמען) צוּ וויִדעֶר־זעֶהעֶן פֿאַניעֶ גאָלדמאַן, אַכט אוּהר קוּם איִך מיִט'ן פּאָלקאָווניִק.

**איטשע־מאיר:** וואַרט נאָר א מיִנוּט,

**נוּסענבּוֹים:** וואָס איִז וויִדעֶר ?

**איטשע־מאיר:** (נעמט איהם פאַר'ן האַנד, זעצט איהם אויפֿן שטוּהל, זעצט זיך זעלבּסט אַנטקעגען, רעדט ווי עפּעס גערירט): פֿאַניעֶ נוּסעֶנבּוֹים! ליִעבּעֶר גוּטעֶר פֿריינד! איִך מוּז זיִך אייך מוֹדה זיין אַז בּיִז'ן היינטיִגעֶן טאָג האָבּ איִך ניִט געֶוואוּסט, אוּן ניִט געֶפֿיִהלט, וואָס עֶס הייסט אַלגעֶמיינעֶ ליידעֶן, אָט מעֶן איִז צוּטראָגעֶן שטעֶנדיִג נאָר מיִט אייגעֶנעֶ קלאָפּאָטעֶן, וועֶלכעֶ עֶס זעֶנעֶן־געֶלוֹיבּט איִז גאָט ניִט וועֶניִג, קיין מאָל האָבּ איִך ניִט געֶפֿיִהלט אָט צוּ דיִ ליִטוואָקעֶס, דיִ ציוֹניִסטעֶן־בּוּנדיִסטעֶן.. אַנ'אֶמת'ן האַס, אַז איִך האָבּ זיי ניִט ליעבּ, איִז דאָך איבּריִג צוּ דעֶרצעֶהלעֶן, וועֶר פֿוּן אוּנז האָט זיי דעֶן ניִט פֿיינד ?.. קוּמעֶן פֿרעֶמדעֶ מעֶנשעֶן אוֹיף א פֿרעֶמדעֶ עֶרד ... אוּן וויִלעֶן גאָר בּעלי־בּת'עֶוועֶן !.. נאָר טראַכטעֶן עֶרנסט, מיִט שנאה האָבּ איִך קיינמאָל ניִשט, פּשוּט ניִשט האָבּעֶנדיִג קיין צייט אוֹיף דעֶם.. אוּן אוֹיבּ ניִשט שעֶטעֶן זיִך, מוּז איִך זיִך אַייך מוֹדה זיין, אַז איִן דיִ פּאָגראָם־טעֶג פֿלעֶגט אָפּט מיִר וועֶה־טהוּן מיין האַרץ, חאָטש צוויִשעֶן אוּנז געֶרעֶדט (קוּקט אוֹיף אַלע זייטען, רעדט שטיל) האָבּעֶן זיי עֶס דאָך אַ שטיִק, קעֶן מעֶן זאָגעֶן־אַליין פֿעֶרדיִענט. . אוּמעֶטוּם וויזעֶן זיי זייעֶר העֶזה!.. והא ראיה בּיי אוּנז, איִן אוּנזעֶר פּוֹילעֶן, זעֶנעֶן קיין פּאָגראָמעֶן ניִט געֶוועֶן, אוּן וועֶלעֶן ניִט זיין מיִט גאָט'ס חסד, נאָר היינטיִגעֶן טאָג בּרעֶנט מיין האַרץ מיִט שנאה, דעֶרמאָנעֶנדיִג זיִך, דיִ אוּנגליִקעֶן וואָס זיי האָבּעֶן אוּנז אַלץ אָנגעֶטהוּן, אָט דיִ רוּסיִשעֶ יוּדעֶן, האָבּעֶן אָבּגעֶריִסעֶן אוּנזעֶרעֶ קיִנדעֶר פֿוּן דעֶם פּוֹילִישעֶן

פאַטריאָטיזם.. פֿון אונזער ערד, אויף וועלכֿער מיר האָבען נע-לעבט פֿריי, רוהיג, גליקליך!.. ווילסט זיך זיין אַ דייטש, אַ חסיד, זיי זיך וואָס דו ווילסט, גאָט וועט דאָרט פֿונאנדערקלייבען.. אָבער דאָס ערשטע איז אַ חוב צו וויסען. אז איך בין אַ פּוילישער יוד... אויף פּוילישע ערד... האָבען דען אונזערע זיידעס, אונ-זערע טאַטעס, געוואוסט פֿון גלות? (העכֿערט די שטימע) געהאַנדעלט, אָנגעלעבט אַ פֿערמעגען, מיט כבוד! געלעבט שעהן, פֿיין, אין נחת און גדולה! געוואוסט צוויי זאַכֿען (שרייט) גאָט און געלד! געלד און גאָט! וואָס רעכֿטע, ווען רעכֿטע, צו וואָס, צו ווען?.. יאָ זיין אַ דעפּוטאַט אַ יוד אין דומא אָדער ניט.. עס איז שטאַרק נוגע צו מיינע געשעפֿטען.. (זיפֿצט) אָי אָי אָי! און מיין זוהן איז נאָר געוואָרען אַ ציוניסט!.. פלאַפּעלט שטענדיג על העצים ועל האבנים, לויפֿט שטענדיג אַרום ווי אַ פֿער'סמ'טע מויז, אָ! וועה ווייס צו וואָס זיי וועלען אונז נאָך ברענגען אויב גאָט בעהיט עס וועט אויסגעקליבען ווערען אין דומא איינער פֿון זיי...

**נוסענבוים:** זייט רוהיג, פּאַניע גאָלדמאַן! איהר זאָרגען וועגען דעם און זייער דאָפֿען איז אַנ'אומזיסטער, עס וועלען געוויס אָהן צווייפֿעל אויסגעקליבען ווערען פּוילישע נאַראָדאָווצעס, און אויבן אַפֿילו יאָ אַ יוד, איז אויך אַנ'אונזערער, אַ פּוילישער, או דאַמאָלס... איהר האָט געלעזען וואָס דער „גאָניעץ״ שרייבט? ער שרייבט גאָר אַ קלייניגקייט; אַז ווען מען וועט ערוואָרבען אַ פּוילישע אויטאָנאָמיע, זאָלען זיך בענוצען יודען מיט אַלע רעכֿטע אָבער וועלכֿע יודען? (ציהט די ווערטער) אָ-בער וועל-כֿע יו-דען? האַ-האַ-האַ! (לאַכֿט) פּויל'ישע! נאָר פּוילישע, פּאַניע גאָלדמאַן! איהר פֿערשטעהט??!

**איטשע-מאיר:** (לאַכֿט מיט) חאַ-חאַ-חאַ! טאַקע פּוילישע! וואָס דען?.. חאַ-חאַ-חאַ!.. (זיי לאַכֿען ביידע צוזאַמען, פּלוצלונג עפֿענט זיך די טיהר פֿון גאַס, עס לויפֿט אַריין משה'ל, דאָס געזיכֿט בלייך ווי דערשראָקען, האַלט אין האַנד אַ יודישע צייטונג, לויפֿט צום טיש, גיט אַ וואָרף די צייטונג, און שרייט הויך). נאַט, קלויבט פֿערגעניגען, געהט אַקאַראָהאָד, הערערן חסידים מיט די הערערן אַסימילאַטאָרען! זינגט זיך חיימער „מה-יפית״ יעדער אויף זיין שטייגער, יענע חיות-רעות ראַבירען אונזער פֿערמעגען, שנײַדען אונזערע זיהן, שענדען

אונזערע טעַטער, און צו שנײַרען, שענדען אונזער יודישע נשמה!

**נוסענבוים:** (האפט די ציימונג) וואס? טאקע נאַראַדאָוועצעס אויסגע־קליעבען! חאַ־חאַ־חאַ! (דערלאַנגט איטשע־מאיר'ען די ציימונג) נעמט, ליינענט נאר איבער, איך קען ניט ליינען דעם פערפלוכטען זשארגאן...

**איטשע־מאיר:** (לאַכט אונזיכער) טאקע חאַ־חאַ־נאַראַדאָוועצעס...

**משה'ל:** (זעהער אויפגערעגט) איהר לאַכט גאר?! איהר לאכט נאך איצט! שווייגט! שווייגט זאָג איך אייך... (בעהערשט זיך. בעטראַכט אַוויילע דעם פאטער און נוסענבוימען, דער נאך האפט ער אַ שטוהל און שליידערט־ענדיג זי אויף די פאדלאגע שרייט ער אויס ווילד אויפגערעגט): איהר לאַכט! מענשען וואס פערקויפען די עהרע פון זייער פאלק פאר אַ שענדליכע „מה־יפית", זענען ערגער ווי יענע פאגראַם־שטשיקעס! (לויפט אַרויס).

**חיה'לע:** (לויפט אריין אַ דערשראַקענע) וואס איז דא? וואס איז דא פאָרגעקומען? ווער האט דא געקלאַפט, געבראָכען? וואו איז משה'ל? איך האב דאך ערשט געהערט זיין שטימע?

**איטשע־מאיר:** (לעזט שטאמלענדיג די ציימונג) „צו אונזער גרויסען בעדויערען מעלדען מיר, אז נאך אלע שענדליכע מיטלען, וואס די נאַראַדאָוועצעס האבען פאָרגענומען צום וואַהל־קאמפף, האבען זיי מנצח געוועזן".

**חיה'לע:** אבער וואו איז משה'ל? איך האב דאך דא געהערט זיין שטימע?

**נוסענבוים:** (מיט א פריידען געשריי): נא, וואס האב איך אייך פריהער געזאגט?!.. איך לויף גיך קויפען דעם דראַטעק פון „גאַזעטאַ־פאלסקאַ", איך קום באלד! (ווערט פערשוואונדען).

**חיה'לע:** רופט) דבורה! דבורה! געהט גיכער, ווערט געוואָהר וואו איז משה'ל? גאט מיינער! וואוהין איז ער אַוועק? וואס איז דא געוועזן? (לויפט אריין אין א צווייטע שטוב).

**איטשע־מאיר:** געלויבט ביזטו גאט פאר אלע דיינע מעשים! (געהט צו צום שאַנק, נעמט אַרויס אַ גאַרטעל, גאַרטעלט זיך ארום). מען מעג איצט באמת דאַוונען אַ יום־טוב'דיגע מנחה... (שטעלט זיך אין

אַ ווינקעל, מען הערט באַלד געצייילטע ווערטער, אַשרי יושבי ביתך)..

**מאריע:** (קומט אַריין פון קינדער־צימער, געקליידעט אין אַ ווינטער מלבוש, פיהרט פאַר'ן האַנד, צוויי קינדער, בלייבט שטעהן פערטראַכט אַ קליינע ווייל, קוקט אין דעם ווינקעל וואו איטשע־מאיר דאַווענט, רעדט האַלטענדיג די קינדער פאַר'ן האַנד) צוויי וועלטען צוזאַמען... איינע בעוועגט זיך שטורמיש ווי די חוואַליעס פון מעער, און איז פערטיג אַלץ איבערקעהרען און פערניכטען, און די אַנדער וועלט (ווייזט אויף איטשע־מאיר'ן) ריהרט זיך ניט פון אָרט!..

**איטשע־מאיר:** (הויך מיט כונה) צדיק ד' בכל דרכיו, וחסיד בכל מעשיו... קרוב ד' לכל קוראיו אשר יקראוהו באמת... (געהט הינטער דריי טריט, שטעלט זיך צוריק אויף זיין אָרט מען הערט ווערטער ברוך אתה ד', און אַ שעפּטשען מיט די ליפּען).

**מאריע:** און צווישען די צוויי שרעקליך־פערשיעדענע וועלטען, ווערט בעשאַפען אַ דריטע וועלט (ווייזט אויף די קינדער) אָבער ווער קאָן פאָראויסזאָגען אַ וועלכע?!

**חיה'לע:** (לויפט אַריין אַ פערטאַפּטע) פרייליין! פרייליין! איהר ווייסט אפשר, וואו איז מיין משה'לע?..

(פאָרהאַנג פאַלט)

